יודל מארק

# אַלע מאַמעס זיינען שיין

(לויט מ. י. בערדיטשעווסקין)

ארויסגעגעבן פון פאַרלאַג

קינדער־רינג

ביי דעם בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער רינג, ניו יאָרק

## 1.



ין אַ שטאָט האָט אַמאָליקע צייטן געלעבט אַ ריכטער. דער מאַן איז געווען באַוואוסט מיט זיין גערעכ־טיקייט און דעריבער האָבן אַלע געהאַט פאַר אים גרויס אָפּשיי.

אָט דער מאַן האָט געהאַט בלויז איין איינציקן זון. ער האָט געגלוסט לערנען און איז געווען אַ צירונג צווישן די בחורים. טאַטע־מאַמע האָבן אָנגעקוואָלן פון זייער געראָטענעם בן־יחיד.

איין מאָל קומט דער בחור צו זיין פאָטער און זאָגט אים, אַז ער וויל אין ווייטע לענדער אַוועק. דער פאָטער האָט פאַר־וואונדערט אָנגעקוקט זיין איין־איינציקן זון. דער זון האָט אָבער גענומען ריידן מיט פיל ברען און געזאָגט צום פאָטער, אַז ער האָט ניט מער קיין רביים פאַר זיך אין דער שטאָט וואו זיי וואוינען. אַלצדינג וואָס מען האָט געקענט זיך אויסלערנען ביי די לערער זיינע האָט ער שוין זיך אויסגעלערנט. זיין האַרץ אָבער גאַרט נאָך פיל מער וויסן און חכמה. איז ער גרייט צו פאַרלאָזן זיינע עלטערן און פאָרן אין דער פרעמד.

דער פאָטער איז געזעסן אַ פאַרוואונדערטער, זיך צוהערנדיק צו די קלוגע רייד פון זיין זון, וואָס איז נאָך קיין אַכצן יאָר ניט אַלט געווען אָבער גערעדט האָט ער ווי אַן אַלטער און באַטראַכ־טער מאַן. דער ריכטער האָט די זאַך איבערגעטראַכט און האָט צוגעשטימט צום זונס פאַרלאַנג.

ווען עס איז געקומען דער טאָג צו פאַרלאָזן די היים, האָט דער זון געקראָגן גענוג קליידער און געלט און שפּייז פאַר דעם ווייטן וועג. נאָך אַ האַרציקן געזעגענען־זיך איז ער אַוועק אין דער פרעמד.

דער זון האָט געוואוסט וואוהין צו פאָרן. ער האָט געהאַט גענוג געלט צו קענען באצאָלן פאָרן פירן אים, האָט ער דעריבער אויסגעקליבן דעם סאַמע קירצסטן וועג. עס האָט גענומען ניט מער ווי דריי חדשים, ביז ער איז אָנגעקומען אין אַ גרויסער שטאָט, וואָס זי איז געווען באַרימט מיט אירע געלערנטע לייט.

אין דער פּרעמדער שטאָט האָט דער בחור זיך געלערנט ביי פאַרשיידענע רביים, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צום גרעסטן, צום געלערנטסטן. ווען ער איז אַריינגעקומען צו יענעם, האָט ער אים געגריסט ווי עס פּאַסט צו גריסן אַ גרויסן געלערנטן. ער האָט אויך געגריסט די תלמידים פון דעם געלערנטן מאַן, איטלעכן לויט זיין ריי נאָך און נאָך זיין ווערט. ווייל וואָס נענטער מען איז געזעסן צום רבין, אַלץ אָנגעזעענער איז מען געווען. און אַליין האָט זיך דער פּרעמדער בחור אַוועקגעזעצט גאָר ביי דער טיר און זיך איינגעבויגן, שטילערהייט שלינגענדיק די קלוגע רייד פון דעם גרויסן רבי.

ניט לאַנג איז דער נייער בחור געזעסן ביי דער טיר. פון זיין באַנעמען־זיך איז גלייך געווען קאָנטיק, אַז ער איז אַן איידעלער בחור. ווי נאָר דער רבי האָט פאַרפירט מיט אים אַ געשפּרעך, איז אויך געווען קאָנטיק, אַז ער איז אַ וואוילגעלערנטער. האָט ער אים צוגענומען נאָנט צו זיך.

אויפן אַנדערן טאָג איז דער נייער תלמיד שוין געזעסן האַרט ביי זיין רבין.

דאָס איז געשען אויפן דריטן טאָג פון דעם בחורס קומען צום נייעם רבין.

דער געלערנטער מאַן האָט פאַרגעבן אַלע זיינע תלמידים זיך צוצוגרייטן צום פונאַנדערקלייבן אַ האַרבן ענין. דערצו האָט מען געדאַרפט אַליין דורכלערנען אַ שטיק גמרא און זיין קלאָר אין

אַלע פּראַגעס וואָס ווערן דאָרטן אָנגערירט. איין שטעל איז אָבער דאָרטן געווען אומפאַרשטענדלעך.

די תלמידים האָבן פריער געפּרואווט זיך צו דערשלאָגן אַליין צו אַ באַשייד. נאָך דעם האָבן זיי אָנגעהויבן צו פרעגן איינער ביים צווייטן. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז קיין איינער פון די תלמידים פאַרשטייט ניט יענע שטעל.

ווי מען האָט זיך ניט געקליגט, וואָסערע ספרים מען האָט ניט נאָכגעזוכן, — די שטעל איז געבליבן אומפאַרשטעדלעך. אַזוי האָט מען זיך געמאַטערט מיט איר, ביז עס איז געקומען די צייט צו עסן מיטאָג.

אַלע בחורים האָבן אוועקגעוואָרפן דאָס טראַכטן און דאָס אַמפּערן זיך וועגן דער מאָדנע שווערער שטעל און זיינען זיך צעלאָפן עסן מיטאָג. אָבער דער נייער תלמיד האָט ניט געקענט אוועקגיין. ער האָט גאָרניט געוואָלט עסן. ער האָט וועגן קיין אַנדער זאַך ניט געקענט טראַכטן. אַזוי פאַרטאָן איז ער געווען אין דער האַרבער שטעל! זיינע אויגן זיינען געווען פאַרזונקען אין גמרא, זיין מוח איז געווען אָנגעשטרענגט.

פּלוצלונג איז אַ צעטל אַראָפּגעפאַלן פון אויבן אויף זיין גמרא אַראָפּ. דאָס האָט דעם פאַרטראַכטן בחור ארויסגעבראַכט פון זיינע געדאַנקען. ער האָט דאָס צעטל גענומען אין האַנט אַריין, האָט עס פונאַנדערגעוויקלט און זע — דאָס צעטל האָט אויף זיך דעם באַשייד פון דער שווערער שטעל!

אַ דערשראָקענער האָט דער בחור זיך אַרומגעקוקט. קיין לעבעדיקער מענטש איז ניטאָ. האָט ער באַשלאָסן ביי זיך אין האַרצן, אַז דאָס צעטל האָט אַרונטערגעוואָרפן אליהו הנביא; דער געטלעכער מאַן האָט אַפנים צוגעזען זיין פּיין איבער דער רעטעניש, האָט ער אים באַלוינט פאַר זיין באַגערן לערנען. ער האָט געהערט דערציילן וועגן אַזוינע פּאַסירונגען. איצט איז ער

געווען גליקלעך מיט דעם, וואָס ער איז אויך ווערט, מיט אים זאָל אזוינס זיך טרעפן.

ווען די בחורים זיינען צוריקגעקומען פון מיטאָג, האָט זייער נייער חבר מיט שטאָלץ זיי דערקלערט די הארבע שטעל. די בחורים זיינען געווען פאַרוואונדערט און אויסגערופן באַגייס-טערט צו זייער נייעם חבר: „דו ביסט אַן עילוי!"

איז אָבער דער פרעמדער געווען צו ערלעך, ער זאָל קענען פאַרטראָגן אַ לויב וואָס קומט אים נישט. האָט ער זיי דער-ציילט, אַז ווען ער איז געזעסן אַליין אַ פאַרטראַכטער, האָט אליהו הנביא אים ארונטערגעוואָרפן אַ צעטל מיטן באַשייד וואָס זיי האָבן אומזיסט געזוכט. אזוי האָט ער געזאָגט צו זיינע חברים.

יענע אָבער האָבן זיך צעלאַכט. דער פרעמדער איז אויפ-געשפרונגען און אָנגעהויבן פאַרצוואַרפן זיינע חברים, ווי אַזוי זיי קענען לאַכן, ווען עס קומט פאַר אַזאַ וואונדערלעכע זאַך. אָבער וואָס מער דער פרעמדער האָט זיך געבייזערט, אַלץ מער האָבן זיינע חברים געלאַכט פון אים. דער פרעמדער איז גע-וואָרן אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האָט שיר זיך ניט געוואָרפן שלאָגן. ער האָט זיך אָבער באַהערשט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ מוז עפּעס זיין, וואָס זיינע חברים ווייסן יאָ און וואָס ער ווי אַ פרעמדער ווייס עס נאָך נישט.

האָט ער אָנגעהויבן זיי בעטן זיי זאָלן אים אויסזאָגן דעם סוד פון דעם צעטל.

די חברים האָבן איצט זיך אַ ביסל אָפּגערעכנט מיטן פרעמדן פאַר די בייזע ווערטער וואָס ער האָט אָקאַרשט צו זיי גערעדט. האָבן זיי אים ניט געוואָלט אויסזאָגן דעם סוד פון צעטל. אָבער זייער נייער חבר איז אַזוי שטאַרק צוגעשטאַנען, אַז זיי האָבן אים דערציילט:




פּלוצלונג איז אַ צעטל אַראָפּגעפאַלן פון אויבן...

.2



איבער דער שטוב וואו זיי זיצן און לערנען איז דאָ אַ קליין דאַכקאַמערל. אין אָט דעם דאַכקאַמערל לעבט זייער רבינס טאָכטער. זי אַליין איז אַ וואוילגעלערנטע. זי קען מער ווי יעדער איינער פון דעם גרויסן מאַנס תלמידים. שטענדיק זיצט זי און הערט זיך איין וואָס מען לערנט. דערצו האָט זי נאָך אַ טייערן קאָפּ. האָט זיך שוין ניט איין מאָל געטראָפן, אַז ווען קיינער וויים ניט דעם באשייד פון אַ האַרבער שטעל, וואַרפט זי אַרונטער אַ צעטל מיט דעם ענטפער אויף דער רעטעניש. און דאָס איז זיכער געשען אויך דאָס איצטיקע מאָל.

אַ פאַרגאַפטער איז דער בחור געבליבן זיצן. אָבער דאָ איז אריינגעקומען דער רבי. מען האָט אָנגעהויבן צו באטראכטן די אויפגעגעבענע שטעל. קיינער האָט ניט דערציילט דעם רבין די מעשה מיטן צעטל.

דער פרעמדער בחור האָט געקענט קלערן נאָר וועגן דעם רבינס טאָכטער. ווי קען עס געמאָלט זיין, אַז אַ מיידל זאָל אַזוי פיל קענען פון די הייליקע שריפטן? קען עס זיין, אַז זי זאָל זיך האָבן אויסגעלערנט אַזוי פיל נאָר פון דעם צוהערן־זיך פון דער וויטן?

און ווען עס איז געקומען די נאַכט, האָט דער בחור ניט געקענט שלאָפן. ער האָט שוין געקלערט וועגן דעם, ווי דעם רבינס טאָכטער זעט אוים און האָט באשלאָסן ביי זיך, אַז זי איז אוודאי אַן איידעלע אויך לויט איר פנים און איר געשטאַלט, און אַז איר ווייסן און חכמה לייכטן פון איר אַראָפּ. ער האָט געוואָלט זי זען, געוואָלט ריידן מיט איר אין לערנען, אויספרואוון צי זי פאַרשטייט טאַקע באמת אַלץ אַזוי טיף, ווי זי האָט פאַרשטאַנען צו פאַרענטפערן יענע האַרבע שטעל.

בייטאָג איז דער בחור אַרומגעגאַנגגען אַ פאַרטראַכטער. ביינאַכט איז ער ווידער ניט געשלאָפן, ווייל ער האָט געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן זיין רבינס טאָכטער,

און ווען עס זיינען אַוועק דריי נעכט אָן שלאָף, האָט דער פרעמדער, וואָס איז געווען אַ שטילער און אַ שעמעוודיקער בחור, צוגערופן צו זיך זיינע חברים און האָט זיי געזאָגט:

— „עס ציט מיך מיין האַרץ צום רבינס טאָכטער. זייט מיר גוטע חברים און רעדט וועגן דעם איבער מיטן רבין און בעט אים, ער זאָל מיר געבן זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב, וואָרעם מיין נשמה באַגערט צו איר נשמה".

האָבן זיינע חברים זיך דערשראָקן פאַר זיינע רייד, פאַר זייער אָפנקייט און פעסטקייט און האָבן שטיל זיך אַרומגעקוקט. נאָך דעם האָט איינער זיך אָפגערופן:

— „זאָלסט מער ניט ריידן וועגן דעם! מען טאָר וועגן דעם ניט ריידן!"

און זיי האָבן זיך אָפגעקערט פון אים און איטלעכער איז אַוועק צו זיין ספר.

אַזאַ ענטפער האָט נאָך מער צערודערט דעם יונגען בחור. ער האָט שוין וועגן קיין שום זאַך ניט געקענט קלערן, סיידן וועגן זיין רבינס טאָכטער. אים איז געווען אויסטערליש דער ענטפער פון זיינע חברים, אַז מען טאָר ניט ריידן וועגן דער וואוילגעלערנטער טאָכטער פון זייער רבין. וואָס קען דאָ זיין?

פאַר וואָס האָבן די חברים אַזוי מאָדנע און אַזוי קורץ אָפ־געענטפערט? דאָ מוז עפעס זיין אַ סוד!

ווען עס זיינען פאַרביי נאָך עטלעכע טעג, האָט דער נייער תלמיד ווידער אַמאָל צוגערופן צו זיך זיינע חברים און האָט זיי אָפן דערציילט, אַז ער האָט ניט קיין רו ניט בייטאָג ניט ביי־נאַכט, אַז ער באַגערט חתונה צו האָבן מיטן רבינס טאָכטער,

און דעריבער באַשווערט ער זיי, זיי זאָלן אים אויסזאָגן, פאַר וואָס מען טאָר ניט ריידן וועגן דעם.

האָבן זיינע חברים געזען זיין טיפן צער און זיין לייד און זיי האָבן גערעדט צו אים ווייכע רייד. זיי האָבן אים געזאָגט, אַז ער זאָל זען צו פאַרגעסן וועגן דעם מיידל.

איז דער נייער תּלמיד פאַרגאַנגען אין אַ געוויין און זיך געווענדט צו די חברים זיינע:

— „איך זע, אַז עס איז עפּעס אַ סוד פאַראַן. זאָגט זשע מיר אויס דעם סוד! אפשר האָט דאָס מיידל אַ פעלער? זאָגט עס מיר תּיכף אויס, וואָרעם מיין האַרץ גייט אויס נאָך איר און איך וועל זי נעמען פאַר אַ ווייב, ווי זי זאָל ניט אויסזען".

האָבן אים די חברים געענטפערט:

— „מיר וועלן דיר דעם סוד ניט אויסזאָגן, ווייל מיר ווילן ניט ריידן קיין שלעכט וואָרט וועגן דער טאָכטער פון אונזער רבין. אַזוי אָבער ווי מיר זעען דיין האַרץ און מיר פאַרשטייען דיין געמיט, וועלן מיר די גאַנצע זאַך איבערברענגען צו אונזער רבין. און זאָל דער רבי טאָן און זאָל ער ריידן צו דיר און דערציילן דיר, וואָס ער וועט געפינען פאַר נייטיק.

און אַזוי איז טאַקע געוועז. נאָך דעם זעלביקן טאָג האָבן די תּלמידים פאַרגעבראַכט פאַר זייער רבין די גאַנצע געשיכטע, ניט פאַרהוילנדיק קיין זאַך. זיי האָבן דערציילט וועגן צעטל און וועגן אַלע רייד פון זייער נייעם חבר.

ווען דער רבי האָט זיך דערוואוסט פון דער גאַנצער געשיכטע, איז אים זייער שווער געוואָרן זיין געמיט. ער האָט פאַררופן זיין נייעם תּלמיד אין אַ באַזונדערן קאַמער און האָט לאַנג גערעדט צו זיין האַרצן. ער האָט אים דערציילט:

— „איך ווייס ניט פאַר וואָס און איך פיל אויף זיך ניט קיין זינד, אָבער איך בין געשטראָפט פון גאָט. קיין קינדער מאַנס־פאַרשווינען האָט ער מיר ניט געגעבן. איין איינציקע טאָכטער

איז מיר געבאָרן געוואָרן. איז אָבער די טאָכטער אויך אַ גע־
שטראָפטע. פאַר וואָר, זי איז זייער קלוג און פאַרשטענדיק און
זי איז אַ וואוילגעלערנטע. זי איז אָבער אַזוי מיאוס, אַז מען
קען אויף איר ניט קוקן. אַפילו איר אייגענע מוטער און איר
אייגענער פאָטער קענען זי ניט אָנזען, אַזוי מיאוס איז דאָס
פנים אירס.

„האָבן מיר געמאַכט פאַר איר אַן אָרט אין דעם דאַכקאַמערל
וואָס איבער דער שטוב וואו מיר זיצן און לערנען.

דאָס גאַנצע לעבן זיצט זי זיך דאָרטן. און ערגעץ גייט זי
ניט אַרויס. קיין חברטאָרין קומט ניט צו איר אַריין. די אייגענע
מאַמע קומט אויך ניט צו איר. אַזוי ווי זי האָט ניט קיין אַנדער
אַרבעט, זיצט זי און הערט זיך איין צו די ווערטער פון לערנען,
וואָס דערגייען צו איר פון אונטן. פיל יאָרן זיצט זי אַזוי און
הערט, איז זי געוואָרן זייער געלערנט.

„אָבער וואָס איז פון דעם? זי איז נעבעך אַ פאַרמשפטע
איר גאַנץ לעבן אַזוי צו זיצן איינע אַליין. קיין מענטש קען זי
ניט אָנקוקן. ווען מען דאַרף אַריינקומען אַריינצוברענגען איר
שפייז, באַהאַלט זי זיך אין אַ ווינקל און פאַרדעקט איר פנים.

„דו, זון מיינער, זאָלסט דעריבער פאַרגעסן אָן דער אומגליק־
לעכער. איך אַליין וועל דיר דעם בעסטן שידוך ריידן און דו וועסט
אָפּלעבן דיינע יאָרן מיט אַ ווייב לייטן גלייך."

אַזוי האָט דער רבי טרויעריקערהייט פאַרענדיקט. געמיינט
האָט ער, אַז דער נייער תלמיד וועט נאָך דעם זיך אַרויסשלאָגן
פון געדאַנק זיין טאָכטער. אָבער יענער האָט גענומען שטיל
און באַהאַרצט ריידן צו זיין רבין און צום פאָטער פון דער וואָס
זיין האַרץ גייט אויס נאָך איר:

— „ליגן איז דער חן און נישטיק איז די שיינקייט. אמת
און טייער איז נאָר דעם מענטשנס נשמה. איך באַגער אייער
טאָכטער, רבי, איבער איר קלוגשאַפט, איבער איר געלערנט־

קיים. ווען איר האָט גערעדט וועגן איר און איר גורל, האָט אַ גרויס רחמנות מיך אַרומגענומען צו איר. מיין ליבשאַפט צו איר איז געשטיגן. איך וועל זיך פון איר ניט אָפּזאָגן. איך בעט אייך און איך באַשטיי אויף דעם, איר זאָלט מיר אייער אומגליק-לעכע טאָכטער געבן פאַר אַ ווייב.״

האָט דער רבי ווייטער גערעדט צום תלמיד און ער האָט ווידער אַמאָל זיך געמיט צו פאַרמיאוסן זיין אייגענע טאָכטער אין די אויגן פון דעם וואָס באַגערט זי. אַזוי אָבער ווי קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן, איז לסוף געבליבן, אַז אויב עס וועלן אַוועק-גיין דריי חדשים און דער תלמיד וועט נאָך אַלץ באַשטיין אויף זיין פאַרלאַנג צו נעמען די מיאוסע טאָכטער פון זיין רבין, וועט ער זי באַקומען. אויב אין פאַרלויף פון דריי חדשים וועט זיין הארץ זיך ניט בייטן, איז אַ סימן, אַז ס׳איז אַ באַשערטע זאַך.

און דריי חדשים זיינען פאַרביי. דער יונגער בחור איז געוואָרן אויסגעהאַרט פון גרויס בענקעניש און גרויס ליבשאַפט. מיט יעדער טאָג און מיט יעדער נאַכט איז געוואַקסן אין אים דער באַגער צו זיין רבינס טאָכטער. דער בחור האָט זיך געטראַכט, אַז אַזאַ איידעלע און וואוילגעלערנטע קען ניט זיין שרעקלעך מיאוס, אַז איר איידלקייט און וואוילגעלערנטקייט מוזן איר צו-געבן חן, און ער האָט געוואַרט, די דריי חדשים זאָלן וואָס גיכער פאַרביי.

האָט דער רבי געזען, אַז אַזוי איז באַשערט. האָט ער שוין קיין וואָרט ניט געזאָגט אַקעגן. מען האָט שטילערהייט געשלאָסן תנאים און באַשטימט דעם טאָג פון דער חתונה.

ווען דער תלמיד איז שוין געווען זיכער, אַז ער באַקומט זיין רבינס טאָכטער פאַר זיין ווייב, איז זיין געמיט ווידער פריילעכער געוואָרן און ער האָט זיך געשטאַרקט, וואַרטנדיק אויף דעם טאָג, ווען ער וועט באַקומען זיין באַשערטע.

דעם רבינס טאָכטער האָט געוואוסט וועגן הארץ פון דעם

פרעמדן תלמיד. זיצנדיק אויבן אין איר דאַכקאַמערל האָט זי שוין געהאַט פאַרנומען די רייד פון דעם פרעמדן צו זיינע חברים. זיין ליבשאַפט צו איר האָט איר פאַרשאַפט אַזאַ פרייד וואָס זי האָט עס קיין מאָל פריער ניט דערשפירט. גלייכצייטיק האָט זיין ליבשאַפט זי נאָך מער פאַראומערט. זי האָט זיך געשראָקן, טאָמער וועט דער בחור סוף־כל־סוף אָפּשטיין פון זיין פאַרלאַנג. פלעגט זי גאַנצע נעכט ניט שלאָפן און זייער פיל וויינען. זי האָט מער ניט געפונען קיין טרייסט אין די ספרים וואָס זיינען געווען אַרום איר. זי האָט אַפילו אויפגעהערט זיך צוצוהערן צו דעם לערנען. אַזוי פאַרנומען איז זי געווען מיט אירע האָפע־נונגען און מיט אירע שרעקענישן.

ווען עס האָט זיך גענענט דער טאָג פון דער חתונה, האָט זי זיך צוגעגרייט מיט פיל געבעטן, איר באַשערטער זאָל אין דער לעצטער שעה זי ניט פאַרלאָזן, ווייל וואָס נענטער עס איז גע־קומען דער טאָג פון דער חתונה, אַלץ אומרואיקער איז געוואָרן איר האַרץ.

זי האָט געבעטן, מען זאָל איר אַרויפברענגען שטאָפן און זי אַליין האָט זיך גענייט דעם אויסשטייער. זי איז געווען גרייזעך אַ געראָטענע און פונקט אַזוי ווי זי האָט געקענט לערנען, אַזוי האָט זי פאַרשטאַנען אַ סך מלאכות, כאָטש מען האָט איר קיין מאָל ניט געוויזן ווי צו אַרבעטן.

שלעכט איז בלויז געווען ביים אָנמעסטן אַ קלייד. זי האָט מער פון אַלץ אין דער וועלט זיך געשראָקן פאַר אַ שפּיגל. אַזוי ווי איינער וויל ניט איינעמען סם, אַזוי האָט זי ניט געוואָלט זיך שטעלן פאַר אַ שפּיגל. קיינער איז אויך ניט אַרויף צו איר זען, צי דאָס חופּה־קלייד וואָס זי האָט זיך געמאַכט פּאַסט איר אָדער ניט. גאַנץ אַליין איז זי געווען ביז סאַמע לעצטן טאָג.

.3



י חתונה איז געווען אַ שטילע. דער רבי האָט ניט געוואָלט די שטאָט זאָל וויסן. ער האָט ניט געוואָלט ניט די מתנות, וואָס אַנדערע לייט וועלן צושיקן, ניט די גערעדערייען וואָס קענען זיין דערביי. אַזוי אָבער ווי מען האָרף האָבן צען מאַן ביי דער חתונה, האָט ער פאַרבעטן בלויז די בעסערע תלמידים זיינע, דעם חתנס חברים.

ווען מען האָט שוין געבראַכט די חופּה און די כלה האָט שוין געזאָלט אַראָפּגיין פון איר דאַכקאַמערל, האָט דער רבי ווידער אַמאָל אַריינגערופן זיין תלמיד און אים ווידער אַמאָל געפרעגט, צי האָט ניט חרטה זיין האַרץ און צי באַשטייט ער טאַקע אויפן שידוך. דער תלמיד האָט ווידער אַמאָל געענטפערט, אַז ער באַשטייט, האָט אים זיין רבי געבענטשט, האָט זיך צעקושט מיט אים און אָנגעקלאַפּט אויבן, די כלה זאָל אַראָפּגיין.

זי איז אַרונטער, אָנגעטאָן אין חופּה-קלייד וואָס זי האָט זיך געמאַכט. זי איז געווען איינגעוויקלט אין אַ געדיכטן שלייער. דער שלייער האָט איך גאַנצן פאַרשטעלט איר פנים און פאַרהוילן פון אויג אַפילו אַ טייל פון איר געשטאַלט. מען האָט דאָך געקענט זען איר וואוקס, און ער איז געווען הויך. און שפּעטער, ווען מען האָט געהערט איר שטים, איז זי געווען ליב און האַרציק.

דער חתן האָט אַרויפגעטאָן אַ צוגעגרייט גאָלדן רינגעלע אויף דער כלהס פינגער, ער האָט זי מקדש געווען, געהייליקט זי פאַר זיין ווייב, אַזוי ווי עס איז דער פיר ביי יידן, און איז געווען דערביי רואיק און זיכער, פונקט ווי זיין כלה וואָלט מיט קיין זאַך ניט געווען אַנדערש פון אַלע כלות. אַ רואיקע און זיכערע איז אויך געשטאַנען די כלה. בלויז די אַרומיקע, וואָס האָבן זיי

אָפּגעגעבן דעם מזל־טוב, זיינען געווען מאָדנע דערשלאָגן, ניט ווי אויף אַ חתונה נאָר ווי אויף אַ לוויה.

קיינער האָט זיך אויך ניט געזעצט עסן. קיינער איז ניט פאַרבליבן ביים רבין אין שטוב. די פאַרבעטענע צען מענטשן זיינען גיך אַוועק. מען האָט דעם חתן מיט דער כלה געלאָזן אַליין.

מען האָט זיי אַרויפגעפירט אין יענעם האַכקאַמערל, וואו די כלה האָט פאַרבראַכט אַלע אירע יונגע יאָרן. דער חתן איז געוואָרן פאַרוואונדערט פון די פיל ספרים וואָס זיינען געשטאַנען אַרום אַלע ווענט פון קאַמערל. ער האָט געזען אַזוינע ספרים, וואָס ער אַליין האָט מיט זיין אויג קיין מאָל ניט אָנגעקוקט. זיין באַוואונדערונג פאַר דער כלה איז נאָך מער געשטיגן.

ער האָט אָנגעהויבן ריידן צו איר. זי האָט אים געענט־פערט מיט איר ליבער און האַרציקער שטים און זיין האַרץ האָט זיך געצויגן צו איר.

האָט ער גענומען בעטן זי, זי זאָל אַראָפּנעמען פון זיך דעם שלייער און זי זאָל זיך ווייזן פאַר איר מאַן אַזוי ווי זי איז. ער איז דאָך איר מאַן, האָט ער צו איר געזאָגט. זי האָט אָבער ניט איינגעוויליקט. זי האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל אויף זיין פאַר־לאַנג ניט באַשטיין, ווייל אַ יידישע טאָכטער מוז דאָך געהאָרכן די רייד פון איר מאַן. האָט זי אים איינגענומען מיט גוטע ווער־טער און געבעטן אים, אַז כאָטש איצט זאָל ער ניט וועלן זי זען אָן דעם געדיכטן שלייער.

נאָך פיל רייד פון ביידע איז געבליבן, אַז צומאָרגנס אין דער פרי וועט זי איר מאַן ווייזן איר פנים.

און ווען דער מאָרגן איז געקומען און דער יונגער מאַן האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף, איז ער געוואָרן ביז גאָר ניי־געריק און געוואַרט, די ווייב זיינע זאָל פאַר אים אַנטפּלעקן איר פנים.

זי האָט ווידער ניט געוואָלט, זי האָט זיך גענומען בעטן. עס האָט ניט געהאָלפן. זי האָט זיך צעוויינט. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן.

האָט זי מיט ציטערדיקע הענט אַראָפּגענומען דעם געדיכטן שלייער פון איר פּנים. איר מאַן האָט איין קוק געגעבן און —

— „פאַרדעק דיין געזיכט!" — האָט ער אויסגעשריען.

זי האָט אַרונטערגעלאָזן דעם געדיכטן שלייער. א ציטער־דיקער און אויך גלייכצייטיק אַ בייזער האָט ער זיך אויפגעהויבן אוועקצוגיין.

— „ווילסט מיך אויף שטענדיק פאַרלאָזן?" — האָט די יונגע ווייב זיך געווענדט צו איר מאַן, וואָס אַן אוונט פריער איז זי געשטאַנען מיט אים אונטער דער חופּה.

ווען ער האָט קיין וואָרט ניט געענטפערט, האָט זי פאַר־שטאַנען, אַז דאָס איז טאַקע זיין מיין. האָט זי זיך אָפּגערופן צו אים:

— „איך האָב געפילט, אַז אַזוי וועט זיין, דערום האָב איך ניט געוואָלט דיר אַנטפּלעקן מיין פּנים. איך ווייס, אַז מיין בעטן זיך ביי דיר צו בלייבן וועט זיין אומזיסט. אָבער איין זאַך פאַר־לאַנג איך פון דיר, איידער דו שיידסט זיך פון מיר אויף שטענדיק. איך האָב צו דיר איין איינציקן פאַרלאַנג און דעם מוזסטו מיר געוועהרן. דו זאָלסט מיר לאָזן אַ צייכן, אַן אָנדענק פון דיר.

איר מאַן איז געווען וויליק איר עפּעס צו געבן אַ צייכן. ער האָט אָבער ביי זיך קיין זאַך ניט געהאַט. האָט ער זי געפרעגט:

— „וואָס זאָל איך דיר געבן? איך האָב דאָך קיין זאַך ניט!" האָט זיין ווייב אים אָפּגעענטפערט:

— „דו האָסט וואויל מיר וואָס צו געבן. דו גיב מיר אָפּ דעם זיגלרינג פון דיין פינגער און דיין טלית און דיין סידור וואָס דו האָסט אַרויפגעבראַכט אַהער".

האָט ער זיך גריילעך געקווענקלט דאָס אָפּצוגעבן, ווייל

זיין זיגלרינג האָט ער געקראָגן א מתנה פון זייך מוטער פאַרן פאַרלאָזן זי און דעם טלית מיטן סידור האָט ער באַקומען געשאָנקען פון זיין פאָטער פאַרן פאַרלאָזן אים.

זי האָט אים אָבער שטאַרק געבעטן און דער מאַן האָט געזען, אַז זי האָט רעכט צו פאַרלאַנגען אַ צייכן. האָט ער איר אָפּגעגעבן די דריי זאַכן וואָס זי האָט פאַרלאַנגט, און ער האָט זי פאַרלאָזן.

ער איז ניט אַרונטער אונטן זיך געזעגענען מיט זייך רבין און זיין שווער. ער האָט ניט אויסגערעדט צו קיינעם קיין וואָרט. ער איז גלייך פון דאַכקאַמערל אַרויס אין גאַס, אַרויס פון דער שטאָט און גענומען וואַנדערן צוריק צו זיך. אין אַ האַלב יאָר אַרום נאָך זיין פאַרלאָזן זיין ווייב האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר פון זיינע עלטערן. אין דער צייט פון זיין וואַנדערן איז ער געוואָרן אָפּגעריסן-אָפּגעשליסן און ווען ער איז אַרייך צו זיין פאָטער, האָט יענער אים אַזוי באַלד ניט דערקענט.

דער פאָטער האָט באַשיימפּערלעך געזען, אַז מיט זיין זון איז געשען עפּעס ניט גוטס, האָט ער דעריבער אים ווינציק וואָס געפּרעגט. ער האָט זיך נאָר דערוואוסט, וואו זיין זון האָט געלערנט וויסנשאַפטן און חכמה. דער פאָטער האָט דערציילט זיין זון, אַז די מוטער איז מיט אַ האַלב יאָר צוריק געשטאָרבן. ווען דער זון האָט זיך נאָכגעפרעגט נאָכן טאָג פון איר טויט — זע, עס איז גראָד יענער טאָג ווען ער האָט פאַרלאָזן זיין יונגע ווייב.

דער פאָטער האָט געלאָזן דעם זון אין רו. ווען ער האָט איין מאָל ביי אים אַ פרעג געטאָן, וואו זיינען אַהינגעקומען די זאַכן וואָס מען האָט אים געגעבן ווי אַן אָנדענק פאַרן פאַרלאָזן זייך היים, האָט דער זון אין פאַרלעגנהייט געענטפערט, אַז גזלנים זיינען אים באַפאַלן אויף זיין צוריקוועגס און זיי האָבן פון אים

צוגענומען אַלץ וואָס ער האָט געהאַט. דעריבער האָט ער זיך דאָס אַזוי פיל אָנגעליטן ביי זיין קומען אַהיים.

ווענן דעם אַז ער האָט חתונה געהאַט און אַז ער האָט זיין ווייב פאַרלאָזן, ווענן דעם האָט דער זון קיין מאָל ניט דער־ציילט זיין פאָטער.

ווען עס איז פאַרביי אַ געוויסע צייט נאָכן זונס קומען, האָבן די אַרומיקע און אויך דער פאָטער גענומען צושטיין צום גע־קומענעם זון, אַז ער זאָל זיך פירן אַזוי ווי אַלע לייט פירן זיך, אַז ער זאָל נעמען אַ ווייב. אָבער דער זון האָט ניט געוואָלט הערן ווענן דעם.

ער איז געוואָרן אַנדערש. ער איז אַרומגעגאַנגען שטענדיק פאַרקלערט, ער האָט ווייניק וואָס געלערנט און די שטאָטלייט האָבן זייער באַדויערט דעם גערעכטן ריכטער זייערן, וואָס ער האָט ניט קיין אייניקלעך, וואָס זיין שטאַם איז פאַרשניטן און וואָס ער האָט אַזוי ווייניק נחת פון זיין זון.

און מיט יעדער יאָר איז דער זון געוואָרן אַלץ טרויעריקער און טרויעריקער.

## 4.




ער אַלטער רבי האָט פֿאַרשטאַנען, פֿאַר וואָס זײַן תּלמיד האָט פֿאַרלאָזן די יונגע ווײַב. האָט ער קײן מאָל ניט געפֿרעגט זי, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען. ער האָט ניט געוואָלט איר אָנטאָן נאָך לײדן מיטן איבעריקן פֿרעגן. די טאָכטער האָט אויך קײן וואָרט ניט געלאָזן פֿאַלן. זי איז געבליבן ווידער אַלײן.

איצט איז איר דאָס אַלײן־זײַן פֿיל שווערער געוואָרן. איר האַרץ איז פֿול געוואָרן מיט בענקשאַפֿט. זי האָט געוווּסט, אַז איר יונגער מאַן וועט זיך צו איר ניט אומקערן. זי האָט געקלערט: ער איז ניט אַנדערש ווי יעדער אַנדער מאַן, דאָס אויסזען אירס איז אים געווען וויכטיקער ווי איר קלוגשאַפֿט און איר גוטסקײט. זי האָט געטראַכט דעריבער, אַז זי וואָלט אים דאַרפֿן פֿאַרגעסן. זי האָט עס אָבער ניט געקאָנט.

פֿון אירע אויגן האָבן געראָנען טרערן פֿון גרויס בענקשאַפֿט און פֿון גרויס ליבשאַפֿט צו יענעם, וואָס האָט זי פֿאַרלאָזן.

און זי האָט זיך געשראָקן, טאָמער וועט זי געבוירן אַ באַשעפֿעניש, וואָס וועט דאָס גאַנצע לעבן זײַן אַזוי אומגליקלעך, ווי זי איז?

זי איז געווען אין גאַנצן אַלײן אַלע לאַנגע מאָנאַטן פֿון גרײטן זיך צו האָבן אַ קינד. אָן שום אָנווײַזונגען פֿון אַלטע און געניטע פֿרויען, אָן שום זײַטיקער הילף, האָט זי זיך אויפֿגעפֿירט אַזוי ווי זי האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם פֿון ספֿרים, און זי האָט מיט שרעק און האָפֿענונג געוואַרט אויפֿן טאָג, ווען דאָס קינד דאַרף געבוירן ווערן.

ווען די ווײען פֿון געבוירן האָבן זי געכאַפּט, האָט זי זיך געשטאַרקט ניט צו שרײַען, קײנעם ניט איבערצושרעקן. און זי

האָט געבוירן אַ קינד אָן קיינעמס הילף. מיט די לעצטע כוחות האָט זי זיך אַ בייג געטאָן צום קינד, און זע —

זיין פּנים איז לויטער און צאַרט, און איז ווי דאָס פּנים פון איר מאַן.

האָט זי דאָס קינד צוגעדריקט צו איר ברוסט, האָט עס גע־גלעט און געקושט, און ווען עס איז געוואָרן נאַכט, איז זי שטילערהייט אַראָפּ פון די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט פון איר דאַכקעמערל, און דאָס גוט איינגעוויקלטע קינד אַוועקגעלייגט ביי דער שוועל פון דער טיר, וואָס האָט געפירט צו דער שטוב פון אירע עלטערן.

איר פאָטער איז יענע נאַכט שלעכט געשלאָפן. האָט ער פאַרנומען אַ שטיל וויינען ווי דאָס וויינען פון אַ קליין עופעלע. איז ער אַרויס און האָט געזען דאָס איינגעוויקלטע קינד. האָט ער עס אַריינגעבראַכט אין שטוב און אויפגעוועקט זיין ווייב.

זיי זיינען ביידע פול געוואָרן מיט פרייד איבער דעם אייניקל וואָס איז זיי צוגעשיקט געוואָרן. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז זייער טאָכטער האָט דאָס קינד געבוירן. און זייער פרייד איז נאָך גרעסער געוואָרן, ווען זיי האָבן געזען, אַז ער איז יינגל און באַטראַכט ווי צאַרט עס איז זייער אייניקלס פּנים.

— „מיין שטאַם וועט ניט פאַרשניטן ווערן", האָט געזאָגט דער אַלטער.

— „אַט דער וועט אונז זיין אַ טרייסט אויף אונדזער עלטער", האָט געזאָגט די אַלטע.

האָבן זיי גענומען אַן אַם אויף צו זייגן דאָס קינד און האָבן עס געהאָדעוועט ווי זייער אייגן קינד.

און דאָס קינד איז גוט געוואַקסן. און ווען עס האָט זיך אויסגעלערנט זאָגן „מאַמע", האָט עס געזאָגט „מאַמע" צו זיין באָבען. און ווען עס האָט זיך אויסגעלערנט צו זאָגן „טאַטע", האָט ער געזאָגט „טאַטע" צו זיין זיידן.

אוך דאָס קינד איז ווייטער גוט געוואַקסן. און דער יינגל האָט פרי אָנגעהויבן צו לערנען. און ער האָט באַגערט צו לערנען. און ער האָט געהאַט אַ טייערן קאָפּ, אַזוי ווי זיין טאַטע און




איר פאָטער איז אַרויס און דערזען דאָס איינגעוויקלטע קינד.

אזוי ווי זיין מאַמע און אפשר נאָך בעסער ווי זיין טאַטע און ווי זיין מאַמע. און דאָס קינד האָט אַלצדינג פאַרשטאַנען וואָס עס האָט געלערנט. עס איז געווען גוט און קלוג און אַ בענטשונג צו לייטן.

און ווען דער יינגל איז געוואָרן דרייצן יאָר אַלט, האָט דער אַלטער רבי מיט גדולה און נחת געפּראַוועט די בר־מצוה. און דער יינגל האָט אַזוי אויסגענומען מיט זיין קענען און פאַרשטיין, אַז אַרום און אַרום האָט מען געוואוסט פון דעם יונגען עילוי, ווייל „עילוי" איז געווען דער נאָמען מיט וועלכן אַלע האָבן גערופן דעם יינגל.

און כאָטש ער איז געווען נאָך אַזוי יונג, איז ער שוין געזעסן ביי זיין זיידן צו האָרכן די לערע פון זיין מויל צוזאַמען מיט די פיל עלטערע תלמידים. און כאָטש ער איז געווען נאָך אַזוי יונג, האָט ער אַלע מאָל געוואוסט מער און פאַרשטאַנען בעסער ווי אַלע איבעריקע חברים זיינע.

די אַנדערע תלמידים, וואָס זיינען געווען עלטער פון אים מיט פינף־זעקס יאָר, האָט עס גרייזלעך פאַרדראָסן, וואָס אַזאַ יונג יינגל שטייגט זיי אַריבער אין אַלץ. אַ סך חברים זיינע זיינען אים מקנא געווען און האָבן געוואַרט אויף יענעם טאָג, ווען זיי וועלן קענען זיך אָפּרעכענען מיט אים. אָבער דער יינגל איז געווען אַזוי גוט צו אַלעמען און אַזוי פריינדלעך, אַז אַזאַ טאָג איז לאַנג ניט געקומען. מען האָט אים קיין מאָל ניט געקענט כאַפּן אין עפּעס ניט קענען.

און עס איז געשען, אַז דער רבי האָט ווידער פאַרגעבן אַלע זיינע תלמידים זיך צוצוגרייטן צום פונאַנדערקלייבן אַ הויכן ענין. דערצו האָט מען געדאַרפט אַליין דורכלערנען אַ שטיק גמרא און זיין קלאָר אין אַלע פראַגעס, וואָס וועלן דאָרטן אָנגערירט. איין שטעל איז אָבער דאָרטן געווען באַזונדערש שווער.

און געווען איז עס די זעלביקע שטעל, וואָס דער טאַטע פון יינגל האָט זי ניט געקאָנט פאַרשטיין.



ין אַנהייב האָט דער ייִנגל אויך ניט פאַרשטאַנען יענע הארבע שטעל, און ווען די חברים זיינע האָבן זיך געווענדט צו אים וועגן איר באַטייט און ער האָט ניט געוואוסט קיין באַשייד, האָבן זיי געשפּאָט פון אים און געזאָגט:

— „דו ביסט ניט קיין גרעסערער קענער פון אונז, דו ביסט ניט קיין עילוי!”

דערווייל איז געקומען די צייט צו עסן מיטאָג. אָבער דער ייִנגל האָט ניט געקענט אַוועקגיין. ער האָט גאָר ניט געוואָלט עסן. ער האָט וועגן קיין אַנדער זאַך ניט געקענט טראַכטן. אַזוי פאַרטאָן איז ער געווען אין דער הארבער שטעל!

ער איז נאָך אַ יונג ייִנגל געווען. אים איז געגאַנגען אין דערוויַיזן זיינע חברים, אַז ער פאַרשטייט יאָ, אַז זיי האָבן ניט וואָס צו לאַכן פון אים. זיינע אויגן זיינען געווען פאַרזונקען אין ספר, זיין מוח איז געווען אָנגעשטרענגט.

פּלוצלונג — איז אים יענע שטעל אַזוי קלאָר געוואָרן, ווי ער וואָלט איר באַשייד דורכגעלייענט, אָנגעשריבן אויף אַ צעטל.

ער האָט אַליין געפונען דעם ריכטיקן באַשייד.

אַ יונגער ייִנגל איז ער נאָך געווען. איז זיין האַרץ פול גע־געוונרן מיט שטאָלצקייט. און ווען די חברים זיינען צו־ריקגעקומען נאָך מיטאָג, האָט ער מיט גדולה זיי דערקלערט די הארבע שטעל.

האָט עס זיי פאַרדראָסן. און אַנדערע האָבן זיך אַרויסגע־כאַפּט מיט אַ געלעכטער:

— „דער רבי האָט עס דיר געזאָגט! דו האָסט געפרעגט דעם רבין, און ער האָט דיר געזאָגט!”

— „ניין, — האָט דער ייִנגל שטאָלץ געענטפֿערט — איך האָב ביי קיינעם ניט געפֿרעגט און קיינער האָט מיר דעם באַשייד ניט געזאָגט. איך אַליין בין געקומען צו דעם. מיין טאַטע האָט עם מיר ניט געזאָגט!"

אַצינד זיינען זיינע בייזע חברים אַרוים מיט דער שפּראַך:

— „וואָסער טאַטע איז ער דיר? וואָס האַלטסטו זיך אַזוי שטאָלץ איבער אונדז, דו אַזוינער און אַזוינער, דו, וואָס האָסט קיין טאַטן און קיין מאַמען ניט!"

און זיי האָבן ווידער געלאַכט:

— „וואָסער טאַטע איז דיר אונדזער רבי?"

ווען דער ייִנגל האָט דערהערט אַזוינע מאָדנע רייד, איז ער בלאַס געוואָרן פֿאַר פֿאַרוואונדערונג און פֿאַר שרעק.

ער איז אַרוים פֿון דער שטוב וואו זיי האָבן געלערנט און איז אין איילעניש אַוועק צו זיינע עלטערן, צו די וואָס ער האָט געהאַלטן פֿאַר זיינע עלטערן. און ער האָט געזאָגט צו זיי:

— „גרוים איז מיין שאַנד. היינט האָט מען מיר געזאָגט, אַז איך האָב ניט קיין פֿאָטער און ניט קיין מוטער. און איך בין דאָך ביז איצט געוואַקסן, גלייבנדיק אַז איר זייט מיינע עלטערן. טאָ וויל איך אַצינד, אַז איר זאָלט מיר זאָגן דעם גאַנצן אמת".

האָבן אים דאָס אַלטע פּאָר פֿאָלק געענטפֿערט און געזאָגט:

— „נעם ניט צום האַרצן די רייד פֿון אַ פּאָר בייזע ייִנגלעך. זיי זיינען נאָך קינדער. ניט קיין שכל רעדט אוים זייער מויל נייערט אייטל קנאה. מיר זיינען די וואָס דו באַדאַרפֿסט אונדז רופֿן „פֿאָטער" און „מוטער". קיין אַנדערע זיינען ניטאָ און קענען ניט זיין. האַלט זיך ניט פֿאַר אַ בלאַט אָן אַ צווייג און אָן אַ שטאַם".

אָבער דער ייִנגל האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן ניט געגלייבט אין די רייד פֿון די וואָס ער האָט זיי ביז יענער

צייט געהאַלטן פאַר זיינע עלטערן. ער האָט וואויל פאַרשטאַנען, אַז גלאָט אַזוי וואָלטן זיינע חברים ניט פאַרגעוואָרפן אים, אַז ער האָט ניט קיין פאָטער און ניט קיין מוטער.

האָט ער פאַרטראַכט צו דערגיין דעם אמת. יעדער טאָג האָט ער פון דאָס ניי געפרעגט ביי די אַלטע און זיין געמיט איז געווען אומרואיק. ווען די אַלטע האָבן געזען, אַז דער יינגל האָט שטאַרק זיך גענומען צום האַרצן די רייד פון זיינע חברים און זיי לאָזן אים ניט רוען, האָבן זיי אים געזאָגט, אַז זיי זיינען זיין זיידע און זיין באָבע. דערנאָכדעם האָבן זיי אים געזאָגט, אַז זיין מוטער לעבט. און צום סוף האָבן זיי אים אַנטפּלעקט, אַז זיין מוטער לעבט אין דעם זעלביקן הויז, אין אַ פאַרבאָרגענעם דאַכקעמערל.

ווי נאָר דער יינגל האָט דערהערט אַזוינע רייד, איז ער גלייך אויפגעשפּרונגען. ער איז אַרויף מיט אַ לייטער אויפן בוידעם און ער האָט אויפגעזוכט דאָס דאַכקאַמערל. ער איז געלאָפן אין גרוים אימפּעט און האָט געגעבן אַ עפן די טיר פון דעם קאַמערל.

זיין איינזאַמע מוטער האָט ניט געוואוסט, אַז איר קינד רייסט זיך צו איר. האָט זי איר פּנים ניט געהאַט פאַרדעקט מיט איר שלייער. זי איז געזעסן אַ פאַרזונקענע אין בענקעניש אין אַ ווינקל פון קאַמערל. זי האָט דערהערט טריט, איז זי אויפגעשפּרונגען.

אין דער אייגענער רגע איז איר יינגל צוגעפאַלן צו איר מיט אַ געשריי „מאַמע!“ ער איז געפאַלן אין אירע אָרעמס. ער האָט אַ קוק געטאָן אין איר פּנים, אין אירע אויגן. ער האָט זיך געדריקט און געטוליעט צו דער וואָס האָט אים געבוירן.

ווי נאָר די מוטער האָט באַפרייט אירע אַ האַנט, האָט זי אין איילעניש פאַרדעקט איר פּנים מיט איר שלייער. אָבער איר קינד האָט גערעדט צו איר:

— „מאַמע! פאַר וואָס שעמסטו זיך פאַר מיר? פאַר וואָס

באַהאַלטסטו דאָס פּנים דיינס ? איך בין דאָך דיין זון, דיין קינד ! איך וויל קוקן דיר גלייך אין פּנים אַריין. איך האָב דיך ליב, מאַמע, און איך וועל דיך אַכטן און דיר אָפּגעבן כבוד, אַזוי ווי אַ זון דאַרף עס טאָן צו זיין מאַמען".

די איינזאַמע מוטער האָט פאַרגאָסן דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן טרערן פון פרייד.

איר קינד איז צו צו איר, האָט אַראָפּגענומען איר שלייער, האָט זי אַרומגענומען און געקושט זי אין פּנים, אין אירע וויי-נענדיקע אויגן, האָט זי געהאַלדזט און געצערטלט. די מוטער האָט איר קינד צוגעדריקט צו איר האַרצן, עס געגלעט מיט אירע צאַרטע הענט אָבער זיך ניט געדרייסט עס אַ קוש צו געבן, ווייל זי האָט ניט געוואָלט זיך צורירן מיט איר פּנים צו זיינעם.

אָבער איר זון איז געווען גוט און צערטלעך צו איר. און ער האָט גערעדט צו איר גוטע און האַרציקע רייד. און זיי זיינען געזעסן צוזאַמען און זיינען ביידע געווען גליקלעך.

דער יינגל האָט זיך אַרומגעקוקט אין קאַמערל און געזען פיל ספרים אַרום אַלע ווענט פון קאַמערל. האָט ער געפרעגט :

— „ווער קומט דען אַהער צו לערנען פון אַט די ספרים ?"

האָט די מוטער אים אָפּגעענטפערט :

— „מיין זון, קיינער קומט ניט צו מיר. איך זע ניט די וועלט און די וועלט זעט מיך ניט. פון דעם טאָג אָן זינט איך בין צום שכל געקומען, האָב איך אַוועקגעגעבן מיין צייט צו לערנען וויסן און חכמה. און דאָס איז געווען מיין איינציקע טרייסט. ווען איך האָב געלערנט, האָב איך ניט געקלערט וועגן מיין אומגליק און דערום האָב איך געקענט אַריבערטראָגן מיין איינ-זאַמקייט. נאָר די לעצטע יאָרן האָב איך צו שטאַרק געבענקט נאָך דיר, מיין קינד, און מיין זינען איז געווען פאַרנומען מיט דיר מער ווי מיט די ספרים. און איצט זעסטו, אַז מיין בענקען איז געווען ניט אומזיסט, וואָרעם איך האָב דיך, מיין קינד, באַ-

קומען. היינט האָב איך דיך צום צווייטן מאָל געבוירן. איצט האָב איך דיך געבוירן פאַר זיך".

— „יאָ, מאַמע, איך וועל בלייבן מיט דיר, — האָט דער יינגל אָפּגעענטפערט, — לאָמיר, מאַמע, צוזאַמען לערנען!"

און אַזוי איז אויך געווען. די מוטער און דער זון האָבן צוזאַמען געלערנט אין דעם האַכקאַמערל. און דער זון האָט געזען, אַז זיין מוטער קען זייער אַ סך און פאַרשטייט אין די הייליקע שריפטן. איז דער יינגל געווען זייער שטאָלץ מיט זיין מוטער און האָט אויסגערופן:

— „לייטן פאָרן אין די ווייטע לענדער צו פרעמדע מענטשן כדי צו לערנען וויסן און חכמה. ווי גליקלעך איך בין, אַז איך דאַרף אין ערגעץ ניט פאָרן, אַז מיין אייגענע מוטער איז מיין קוואַל פאַר וויסן וואָס שעפּט זיך קיין מאָל ניט אויס!"

זיי זיינען אַ לאַנגע צייט געזעסן צוזאַמען און געלערנט. דער אינגל האָט איצט אויך באַדינט זיין מוטער, ער פלעגט איר אַרויפברענגען עסן און איר העלפן אין אַלץ וואָס זי האָט באַדאַרפט. ווען עס איז אַוועק אַ געוויסע צייט, איז זיין האַרץ ווידער געוואָרן אומרואיק.

ער האָט געוואָלט וויסן דעם גאַנצן אמת וועגן זיין אָפּשטאַם. ער האָט אויך געוואָלט וויסן, ווער עס איז זיין פאָטער און וואו ער געפינט זיך. ער האָט געטראַכט, אַז אויב זיין פאָטער וואָלט געווען טויט, וואָלט אים די מוטער עס שוין געהאַט געזאָגט. אַזוי ווי דאָ איז ווידער געווען אַ סוד, האָט עס דעם יינגל שווער געמאַכט זיין געמיט. ער האָט אָבער די ערשטע צייט ניט געוואָלט באַטריבן זיין מוטער מיטן פרעגן.

אָבער עס איז געקומען די צייט — און דאָס איז שוין געווען נאָך דעם ווי דריי חדשים זיינען אַוועק נאָכן אויסגעפינען זיין מוטער — און דער יינגל האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן מער. האָט ער זיך געווענדט צו זיין מוטער און געזאָגט:

— „מוטער, איך וויל דיר איין זאַך בלויז פרעגן און דו גיב מיר אויף דעם אַ ריכטיקן ענטפער. לאָז מיר ויסן, ווער עס איז מיין פאָטער און וואו איז דאָס אָרט וואו ער האַלט זיך אויף. איך בין שוין מיט דיר אַ לאַנגע צייט און איך האָב נאָך קיין מאָל דאָ ניט געזען מיין פאָטער. וואו איז ער? וואו קען איך אים געפינען?"



ייך זון, — האָט די מוטער געזאָגט, פרעג מיך ניט וועגן דיין פאָטער, ווייל ווי נאָר איך דערמאָן זיך אָן דיין פאָטער, ווערט מיין הארץ פול מיט ווייטאָג".

אָבער דער יינגל האָט געזאָגט:

— „איך בעט פונדעסטוועגן, מוטער, אַז דו זאָלסט אַרויסוויזן גנאָד צו מיר און מיר זאָגן, וואָס איך האָב געפרעגט ביי דיר".

און דער יינגל האָט אַזוי שטאַרק געבעטן ביי דער מוטער זי זאָל אים אויסזאָגן דעם סוד וועגן זיין פאָטער, אַז די מוטער האָט מער ניט געקענט ביישטיין זיין בעטן און זי האָט אים אויסדערציילט די געשיכטע מיט זיין פאָטער פון אָנהייב ביז צום סוף. זי האָט קיין איינציקע זאַך ניט פאַרהוילן פון אים און זי האָט גערעדט צו אים ווי מען רעדט צו אַ דערוואַקסענעם מענטשן, כאָטש איר יינגל איז נאָך ניט געווען קיין פערצן יאָר אַלט.

איז דער יינגל געווען זייער צופרידן, וואָס עס איז געקומען די צייט, ווען ער ווייס אויף זיכער וועגן זיין אָפשטאַם. איז ער אויפגעשפרונגען אַ גליקלעכער און אַ מוטיקער:

— „מוטער, איך וועל דעם פאָטער געפינען און איך וועל אים ברענגען צו דיר!"

די מוטער האָט זיך זייער דערשראָקן פאַר די רייד פון איר קינד, וואָרעם זי האָט גלייך געזען, אַז פעסטקייט איז פאַראַן אין זיי. האָט זי גערעדט צו אים, אַז זיין פאָטער איז ווייט-ווייט אַוועק, אַז זי ווייס ניט פון וואַנעט ער איז געקומען און וואוהין ער איז אַוועק; אַז ער, איר קינד, איז נאָך אַ קליין יינגל און קען דעריבער זיך ניט לאָזן אין אַ ווייטן וועג, ניט וויסנדיק וואוהין צו גיין; אַז בייזע מענטשן און שלעכטע חיות קענען אים אָנטרעפן

אויף זיין וועג. און אויב אפילו עס זאָל זיך טרעפן, אז ער וועט זיין פאָטער געפינען, וועט דער פאָטער ניט וועלן קומען צוריק צו איר, ווייל ער איז פון איר אוועק מיט פיל ביטערניש אין הארצן. און אויב אפילו ער וועט זיך טרעפן אופין וועג מיט זיין פאָטער, ווי אזוי וועט זיין פאָטער אים דערקענען און ווי אזוי וועט ער זיין פאָטער דערקענען?

דאָס און נאָך פיל אזעלכע רייד האָט די מוטער גערעדט צום הארץ פון איר זון. עס זיינען געווען אין די רייד פיל ליבשאפט צו איר קינד און פיל שרעק, אז זי זאָל עס ניט פארלירן אויף אייביק נאָך דעם ווי זי האָט עס איצט צוזאמען מיט זיך.

איר זון האָט אָבער אויף אלץ אָפגעענטפערט. ער האָט געזאָגט, אז ער וועט מיטנעמען מיט זיך די דריי סימנים, דעם זיגלרינג, דעם טלית און דעם סידור, וואָס זיין פאָטער האָט איבערגעלאָזן, און לויט די סימנים וועט זיין פאָטער אים דער־קענען און די סימנים וועלן העלפן אים צו דערקענען זיין פאָטער. ער האָט געטרייסט זיין מוטער, אז ער האָט גענוג כוח און מוט זיך צו לאָזן אליין אין דעם וויטן וועג. ער האָט איר אָנגעוויזן, אז זיין הארץ וועט אים פירן אויפן ריכטיקן וועג און ער וועט זיכער קומען צו דעם אָרט וואו זיין פאָטער געפינט זיך.

דריי טעג האָבן אזוי גערעדט מוטער און זון, ביז די אומ־גליקלעכע האָט צוגעשטימט ווידער צו בלייבן אליין אין שרעק פאַר איר איינציקן קינד און זי האָט אים געגעבן איר ברכה.

איז דער יינגל ארונטער אונטן און געזאָגט זיין זיידן און באָבען, זיי זאָלן אים אָנגרייטן קליידער און געלט און שפייז, וואָרעם ער לאָזט זיך אין וויטן וועג אריין אויפצוזוכן זיין פאָטער. האָבן די אלטע לייט צוגעגרייט אלץ וואָס זיי האָבן געקאָנט פאַר אים צוגרייטן פאַר אַ וויטן וועג.

זיין מוטער האָט אים מיטגעגעבן אלע דריי סימנים, וואָס זיין פאָטער האָט געלאָזן ביי איר, ווען ער איז אוועק.




דער ייִנגל האָט געוואַנדערט אַלץ ווייטער און ווייטער.

און דער יינגל האָט פאַרלאָזן די שטאָט פון זיין געבוירן און די היים פון זיינע נאָענטע.

אין אָנהייב איז דעם יינגל ניט שלעכט געגאַנגען. ער איז געווען אין פיל שטעט און לענדער און ער האָט נאָך געהאַט אַ קלייד צו טראָגן און געלט צו קויפן זיך שפייז. אָבער מיט דער צייט זיינען זיינע שיך צעריסן געוואָרן, זיינע קליידער זיינען געוואָרן שמאַטעס און אַזוי ווי זיין געלט איז אויסגעגאַנגען, האָט ער צייטנווייז געהונגערט, אויב גוטע מענטשן האָבן אים ניט געגעבן מיט וואָס צו דערהאַלטן זיין נשמה.

אים איז אויסגעקומען צו נעכטיקן אין מיטן פרייען פעלד אָדער אין אַ טיפן וואַלד גאַנץ אַליין. ער האָט אָפט ניט גע־האַט קיין אָפּדאַך איבער זיין קאָפּ, ווען עס האָט געשטורעמט און גערעגנט.

זיין מוט איז ניט געפאַלן! ער האָט אַריבערגעטראָגן הונגער און קעלט און ניט צוגעלאָזן צו זיך קיין ברעקל חרטה אויף דעם, וואָס ער איז אַוועק פון אַ וואַרעמער היים.

וואו ער פלעגט קומען, פלעגט ער אריין אין שול, צוגיין גאָר אויבן־אָן, כדי מען זאָל אים קענען בעסער זען, אָנטאָן דעם טלית, האַלטן פאַר זיך דעם סידור און טראָגן אויפן האַנט דעם זיגלרינג. ער האָט גערעכנט, אַז איבער אָט די דריי סימנים וועט זיין פאָטער אים ערגעץ וואו דערקענען.

אָבער אומעטום האָט מען נאָר זיך געוואונדערט איבער דעם מאָדענעם יינגל. מען האָט שוין אין פיל ערטער אויסגעפרעגט אים, וואוהין ער גייט און צו וואָס ער גייט. פיל מענטשן האָבן געהאַט גרויס רחמנות אויף אים. עס זיינען געווען אויך אַזוינע לייט וואָס האָבן געלאַכט פון אים. ער האָט אָבער אין ערגעץ ניט געפונען קיינעם, וועמען עס זאָלן זיין באַקאַנט זיינע סימנים.

דער יינגל האָט געוואַנדערט אַלץ ווייטער און ווייטער.

ער איז געקומען אין אַ שטאָט וואָס ער האָט קיין מאָל פריער ניט געוואוסט.

ווי זיין שטייגער איז געווען, איז ער אריין אין דער שול, צוגע־גאַנגען אויבן־אָן, צו דעם אָרט וואו עס איז געשטאַנען דער ריכ־טער, זיך איינגעוויקלט אין זיין טלית, אַרויסגענומען דעם סידור און אָנגעטאָן דעם זיגלרינג.

דער ריכטער האָט אַ קוק געגעבן אויף דעם פרעמדן יינגל און זע —

ס'איז דער טלית און דער סידור פון זיין אייגענעם זון און אויפן פינגער פון יינגל דער זיגלרינג וואָס זיין פאַרשטאָרבענע ווייב האָט געשאָנקען איר זון!

האָט דער ריכטער זיך גריילעך פאַרוואונדערט און האָט באַגערט צו דערגיין ווי אַזוי קומט דאָס צום פרעמדן יינגל?

האָט ער צוגערופן דעם יינגל און האָט אים געפרעגט:

— „פון וואַנען קומסטו, מיין זון?"

האָט דער יינגל מיט גרויס אַכטונג צום אַלטן מאַן אָפּ־געענטפערט:

— „איך קום פון דער גרויסער שטאָט (און ער האָט דעם נאָמען פון זיין שטאָט אָנגערופן), וואָס איז איבער דער גאַנצער וועלט באַרימט מיט אירע געלערנטע לייט".

איז דער אַלטער ריכטער געוואָרן אומרואיק, ווייל דאָס איז געווען יענע שטאָט, וואוהין זיין זון איז געפאָרן לערנען וויסן און חכמה, און האָט געזאָגט צום יינגל:

— „איך באַשווער דיך, דו זאָלסט מיר זאָגן, ווי דו הייסט און וואָס איז דיין שטאָט."

האָט דער יינגל רואיק אָפּגעענטפערט:

— „שלמה איז מיין נאָמען".

האָט אים דער אַלטער אָנגעוויזן:

— „אָבער אויף דיין סידור איז אָנגעשריבן אַן אַנדער

נאָמען און דער אַנדער נאָמען איז אויך אויסגעניית אויפן ראַנד פון דעם טלית, אין וועלכן דו ביסט איינגעוויקלט".

— „דאָס איז מיין פאָטערס נאָמען", האָט דער יינגל געזאָגט.

— „וואו זשע איז דיין פאָטער?" האָט ווייטער געפרעגט דער אַלטער מאַן.

האָט דער יינגל אים דערציילט:

— „איך ווייס אַליין ניט, וואו עס געפינט זיך מיין פאָטער. איך וואַנדער איבער דער וועלט כדי אים צו געפינען. און צוליב דעם טאַקע בין איך אויך געקומען אַהער. אפשר האָט איר דעם נאָמען געהערט? אפשר קענט איר מיר אָנווייזן, ווי אַזוי איך זאָל קענען געפינען מיין פאָטער?"

איז דער אַלטער ריכטער געוואָרן זייער פאַרוואונדערט פון דעם יינגלס מעשה וואָס יענער האָט אים פאַרציילט. ער האָט אריינגענומען אין זיין האַנט דעם יינגלס האַנט, האָט באַקוקט דעם זיגלרינג און געפרעגט דעם יינגל:

— און פון וואַנעט האָסטו אָט דעם זיגלרינג און וואָס טוט ער באַטייטן?"

— „אויך דער זיגלרינג איז מייך פאָטערס." דאָס איז געווען דעם יינגלס ענטפער.

האָט דער אַלטער מילד און צערטלעך געזאָגט צום יינגל:

— „מיין זון, דו וועסט בלייבן אין דער שטאָט און איך וועל דיר העלפן געפינען דיין פאָטער. איך האָב געהערט אַזאַ נאָמען פון אַ מענטשן. קען זיין, אַז דיין פאָטער געפינט זיך אין אָט דער שטאָט. אָבער דערוויייל קום מיט מיט מיר, דו וועסט זיך אויסרוען און דו וועסט עסן נאָך דיין וויטן וועג. דו וועסט אָבער מיר אָפּגעבן די דריי סימנים וואָס דו האָסט כדי איך זאָל קענען געפינען דיין פאָטער".

האָט דער יינגל געזען, אַז דער אַלטער ריכטער איז גוט צו אים, איז ער מיטגעגאַנגען צו זיין שטוב, האָט דאָרטן געגעסן

און האָט דעם אַלטן אָפּגעגעבן די דריי סימנים זיינע. נאָך דעם האָט דער אַלטער אים אַריינגעפירט אין אַ קליין קאַמערל און געזאָגט צו אים:

— „מיין זון, דו רו זיך אויס נאָכן וויטן וועג. און איך וועל דערווייל זיך נאָכפרעגן אויף דעם מאַן, וואָס דו זוכסט אים."

איז דער יינגל אַנטשלאָפן געוואָרן אין דעם קאַמערל.

דערווייל איז דעם ריכטערס זון געקומען אַהיים. האָט דער ריכטער אים צוגערופן צו זיך און געזאָגט:

— „מיין זון, וואו איז אַהינגעקומען דער זיגלרינג, וואָס דיין מוטער האָט דיר געשאָנקען אין דעם טאָג, ווען דו האָסט אונדז פאַרלאָזן?"

האָט דער זון אין גרויס פאַרלעגנהייט געענטפערט:

— „מיין פאָטער, פאַר וואָס פרעגסטו מיך וועגן זאַכן וואָס זיינען פאַרלאָפן מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק? האָב איך דען ניט דערציילט דיר, אַז גזלנים זיינען מיך באַפאַלן אויף מיין צוריקוועגס און זיי האָבן אַוועקגערויבט פון מיר דעם זיגלרינג?"

האָט דער אַלטער ווייטער געפרעגט:

— „מיין זון, און וואו איז אַהינגעקומען דער טלית און אויך דער סידור, וואָס איך אַליין האָב דיר געשאָנקען יענעם טאָג, ווען דו האָסט אונדז פאַרלאָזן?"

איז דער זון געוואָרן אומרואיק און אין נאָך גרעסערער פאַרלעגנהייט אָפּגעענטפערט:

— „מיין פאָטער, דו האָסט אודאי אַ חלום געזען און אין חלום — די דאָזיקע דריי זאַכן, אַז דו שטייסט צו צו מיר מיטן פרעגן וועגן אָט די אַלטע זאַכן. איך האָב דאָך שוין איין מאָל דיר דערציילט, וועגן זיי. טאָ וואָס דערקוטשעסטו? איך בעט דיך, לאָז אָפּ!"

איז דער אַלטער געוואָרן דערצאָרנט:

— „מיין זון, פאַר וואָס האָסטו פאַרהוילן פון מיר דעם אמת און פאַר וואָס האָט ליגן דערציילט דיין מויל?"

איז דער זון געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און בלויז שטילערהייט האָט ער געענטפערט:

— „מיין פאָטער, איך האָב דיר ניט דערציילט קיין ליגן און מיין מויל איז ווייט פון פאַלשקייט."

דער אַלטער ריכטער האָט זיך אַוועקגעשטעלט און גע־רעדט אַזוי:

— „מיין זון, און וואָס וועסטו זאָגן, אויב איך וועל דיר ברענגען די אַלע דריי זאַכן, וואָס מען האָט כלומרשט אַוועקגע־רויבט פון דיר?" און ניט וואַרטנדיק אויף זיין זונס ענטפער האָט דער אַלטער אַרויסגענומען דעם טלית, דעם סידור און דעם זיגלרינג און גערעדט ווייטער: „אָט איז דיין טלית, אָט איז דיין סידור און אָט איז דיין זיגלרינג."

דער זון איז אַ לאַנגע צייט געשטאַנען שטילערהייט, ניט אַרויסברענגענדיק קיין איין וואָרט. ערשט ווען ער האָט זיך באַהערשט, האָט ער געפרעגט:

— „מיין פאָטער, פון וואַנעט קומען צו דיר אָט די דריי זאַכן?"

האָט דער פאָטער געזאָגט:

— „מיין זון, דיין זון איז דאָ דאָ, ער איז אַהער געקומען דיך אויפזוכן, און ער האָט מיטגעבראַכט אָט די דריי זאַכן."

אין דער רגע איז דאָס פנים פון דעם זון געוואָרן שוואַרץ ווי עס איז שוואַרץ די פייערזייט פון אַ געניצטן טאָפּ. און דער זון איז געפאַלן צום פאָטערס פיס, האָט זיי אַרומגענומען און האָט געזאָגט צו אים אַזוי:

— „מיין פאָטער, פאַרגיב דיין זון זיין זינד אין דיין גוטס־קייט און באַרעמהאַרציקייט."

האָט דער פֿאָטער אויפֿגעהויבן זיין זון פֿון דער ערד און האָט צו אים געזאָגט:

— „מיין זון, איך פֿאַרגיב דיר דיין זינד, כאָטש דיין טועכץ איז געווען שלעכט און ליגן האָט געדעדט דיין מויל. איך פֿאַר־גיב עס דיר פֿון מיין אייניקלס וועגן און פֿון וועגן דיין געבראָכן הארץ.‟

נאָך דעם האָט דער אַלטער ריכטער געלאָזט אַריינקומען דעם פֿרעמדן יינגל און ער האָט געזאָגט צו אים אַזוי:

— „מיין קינד, אָט דאָס איז דיין פֿאָטער, וואָס דו זוכסט אים, און איך בין — דיין פֿאָטערס פֿאָטער!‟

ווען דער יינגל האָט זיין פֿאָטער דערזען, איז ער געפֿאַלן אויף זיין האַלדז, האָט ער אים אַרומגענומען און געקושט און האָט זיך הויך צעוויינט. אויך ביי דעם פֿאָטער זיינעם זיינען טרערן גע־פֿלאָסן פֿון די אויגן, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל דערזען זיין קינד, וואָס איז געווען שיין אין פּנים, געוויקסיק אין זיין גע־שטאַלט און אויסגעזען אַזוי ווי ער אַליין אין דער יוגנט.

ווען די ערשטע פֿרייד איז פֿאַרביי, האָט דער פֿאָטער זיך צערעדט מיט זיין קינד און האָט דערזען, סאַראַ עילוי עס איז זיין זון, איז דאָס גליק פֿון פֿאָטער און פֿון זיידן געוואַקסן, אַז עס איז שווער דאָס אויסצודערציילן. און דער אַלטער זיידע האָט אויסגערופֿן:

— „מיין שטאָם וועט ניט פֿאַרשניטן ווערן; מיין זונס זון וועט אויפֿשטעלן ווייטער מיין נאָמען צווישן די ברידער פֿון מיין פֿאָלק.‟

און דער פֿאָטער האָט געזאָגט:

— „מיין זון וואָס האָט מיך געפֿונען וועט זיין מיין טרייסט אין לעבן און מיין שטיץ אויף דער עלטער.‟

עס זיינען אָבער אַוועק בלויז עטלעכע טעג און דער יינגל

האָט זיך געווענדט צו זיין פּאַטער און גערעדט צו אים ליבלעך און מיט גרויס געבעט:

— „מיין פּאַטער, איך מוז זיך צוריקקערן אַהיים, אַזוי ווי איך האָב הייליק צוגעזאָגט מיין מוטער, ווען איך האָב זי פאַר־לאָזן. און דו, מיין פּאַטער, וועסט זיכער מיטגיין מיט מיר און קומען צו מיין מוטער, כדי איר זאָלט אויף ווייטער לעבן צוזאַמען ווי דאָס איז דער פיר פון דער וועלט. ווייל מיין האַרץ טוט ווייטאָג, איבער דעם, וואָס דו האָסט אַוועקגעוואָרפן די ליבע פון דיינע יונגע טעג, וואָס דאָס איז מיין מוטער".

אַ פאַרציטערטער האָט אים דער פּאַטער דערויף געענטפערט:

— „מיין זון, איך האָב זיך ניט גערעכט, אַז דו וועסט זיך ווענדן צו מיר מיט אַזוינע רייד. דו ווייזסט טאַקע ארויס צו דיין מוטער יענע אַכטונג וואָס עס קומט איר ווי אַ מוטער. אָבער איך קען ניט טאָן דיין פאַרלאַנג און קען צו דיין מוטער זיך ניט צוריקקערן. מיין ליבער זון, אויב איך וואָלט מיט דיר געגאַנגען צו דיין מוטער, וואָלט דער ווייטאָג אין מיין האַרצן נאָך גרעסער געוואָרן. בלייב בעסער מיט מיר און זיי מיר אַ טרייסט פאַר דעם רעשט פון מיינע יאָרן, ווייל זיי זיינען ניט געווען קיין גליקלעכע ביז איצט".

האָבן זיי דריי טעג נאָך דער ריי גערעדט וועגן דעם. דער זון האָט אָנגעוויזן, אַז ער קען ניט פאַרטראָגן, וואָס פּאַטער און מוטער לעבן צעשיידט; ער האָט דערציילט, ווי גרויס עס איז זיין מוטערס בענקשאַפט נאָך איר מאַן. און דער פּאַטער האָט בלויז איין טענה געהאַט, אַז ער קען ניט אָנזען דאָס פּנים פון זיין ווייב.

עס האָט אויך ניט געהאָלפן, ווען דער זון האָט דערציילט, אַז ער קוקט דער מוטער גלייך אין פּנים אַריין און אים עקלט עס גאָרניט אָפּ, אַז זיין מוטער איז האַרציק און צערטלעך חוץ וואָס זי איז געלערנטער פון אַלע אַנדערע חכמים וואָס

ער האָט װען ניט איז געטראָפן. דער פֿאָטער האָט לסוף זיך אָנגעבײזערט אױפֿן ײנגל, אָנגעװיזן אים, אַז ער איז נאָך צו יונג צו פֿאַרשטײן אַ סך זאַכן, און איז געבליבן באַשטײן אױף דעם, אַז ער פֿאַרבלײבט אין דער שטאָט פֿון זײן געבױרן.

האָט דער ײנגל יעמאָלט געזאָגט, אַז ער גײט אַלײן אַװעק צוריק צו דער מוטער. האָט מען אים ניט געװאָלט לאָזן, ניט זײן פֿאָטער, ניט זײן זײדע. דער ײנגל איז אָבער באַשטאַנען אױף דעם.

האָט מען דעם ײנגל אָנגעגרײט קלײדער און געלט און שפּײז אױפֿן װעג. זײן אַלטער זײדע, דער ריכטער, האָט אים געבענטשט און געזאָגט, אַז איצט װעט צוריק זײן װעג זײן גרינגער, װײל ער װײס דאָך װאוהין ער ציט, און אַלע לײט קענען דעם נאָמען פֿון דער שטאָט און דעם װעג װאָס פֿירט אַהין.

װי לאַנג דער ײנגל האָט געהאַט קלײדער און געלט און שפּײז איז זײן װעג אים ניט געװען שװער, אָבער אין גיכן האָט דאָס אַלץ זיך אױסגעלאָזט. איז אים געװאָרן קאַלט און ער איז אָפֿט געװען הונגעריק, און ביטער איז אים געװען אױפֿן האַרצן.

ער איז שױן געװען אין װעג דרײ חדשים און ער האָט געװאוסט, אַז דעם גרעסטן טײל װעג האָט ער שױן דורכגע־מאַכט. אָבער זײנע קלײדער זײנען געװאָרן שמאַטעס און האָבן ניט געקענט װאַרעמען זײן לײב; זײנע פֿיס זײנען געװען פֿול מיט װאונדן; קײן געלט האָט ער ניט געהאַט בײ זיך און קײן ברעקל ברױט איז ניט געװען אין זײן טאָרבעלע; און די געדאַנקען זײנען בײ אים געװען שװערע און קײן גלױבן איז אין האַרצן ניט געװען.

אין מיטן אַ געדיכטן װאַלד האָט ער זיך געזעצט אָפּרוען. דאָס איז געװען בײטאָג. ער האָט אָבער ניט געקענט זיך

אויפהייבן פון ערד. דערווייל איז צוגעפאלן די נאכט. עס האט אויסגעבראכן א גרויס געוויטער. בליצן און דונערן האבן אדורכגענומען דעם וואלד און זיין הארץ.

האט דער יינגל מער ניט געקענט אויסהאלטן און ער איז פארגאנגען אין א ביטער געוויין. דערווייל האט א שלאקס רעגן אים דורכגענעצט די ביינער, און די רעגן-טראפנס פון אויבן האבן זיך געקייקלט איבער זיין פנים צוזאמען מיט די געזאלצענע טראפנס פון זיינע אויגן.

א פארמאטערטער פון וועג און פון שרעק, פון געוויטער און פון גרויס געוויין, איז דער יינגל אנטשלאפן געווארן.

.7



ון עס האָט זיך אים אַ חלום געוויזן.

דער יינגל זעט, ווי דורכן פינצטערן וואַלד שפּרייזט צו אים אַ ליכטיק געשטאַלט. דאָס איז אַן אַלטער מאַן מיט אַ ליכטיקן פּנים און מיט אַ לאַנגער גרייזגרויער באָרד. דער מאַן איז איינגעוויקלט אין אַ גרויסן האָריקן מאַנטל און אַ גראָבע שטריק איז איבער זיינע לענדן.

— „דאָס איז אליהו הנביא", האָט דער יינגל אַ טראַכט געטאָן, און גרינג און ליכטיק איז אים געוואָרן.

און דער אַלטער איז צו צו אים, האָט אים אויפגעהויבן פון דער ערד און איינגעוויקלט אין זיין האָריקן מאַנטל. דעם יינגל איז וואַרעם געוואָרן.

און דער אַלטער האָט געבויגט זיינע ליפּן צום יינגלס אויערן און שטילערהייט געזאָגט:

— „מיין קינד, דו וועסט קומען געזונטערהייט צו דיין מוטער, און דיין מוטער וועט זיך פרייען מיט דיר און מיט איר מאַן, וואָס וועט זיך אומקערן צו איר. און אַ סימן האָסטו, אַז דער טאָג וואָס קומט באַלד וועט זיין זוניק און מילד און דיין געמיט וועט זיין זוניק און מילד ווי דער טאָג".

אַזוי האָט געזאָגט דער אַלטער מאַן און האָט אים פאַרוויגט אין זיינע אָרעמס און געהאַלטן אים אין זיי, ביז די שטראַלן פון דער זון, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן דורך די געדיכטע צווייגן, האָבן אָנגעקלאַפּט אין זיינע אויגן־לעפּלעך, און ער האָט זיי געעפנט. און זע —

דער טאָג איז אַ זוניקער און אַ מילדער. פייגעלעך זינגען אויף די צווייגן. דאָס גראָז אונטן איז ווייך און צאַרט. און אין האַרצן אינעווייניק איז רואיק און גלייביק.

האָט דער ייִנגל אַ שפּרונג געטאָן אויף זיינע פיס און אַוועק מיטן וועג צו זיין מוטער.

*
**

די זעלביקע נאַכט איז די מוטער געלעגן אויף איר געלעגער אין איר איינזאַמען דאַכקאַמערל. דער שלאָף איז ניט געקומען צו אירע אויגן איבער גרויס אומרואיקייט פאַר איר קינד.

זי האָט געזען פאַר זיך איר איינציק קינד אין אַ ווילדן וואַלד גאַנץ אַליין. זי האָט פאַרנומען זיין שרייען נאָך הילף. האָט זי פאַרבראָכן אירע הענט אין ווייטאָג און אין חרטה, פאַר וואָס זי האָט געלאָזט איר קינד אַוועקגיין אין ווייטן און געפערלעכן וועג. זי האָט אַזוי פיל געוויינט און געקלאָגט, אַז איר פּנים האָט זיך גענעצט אין אירע מאַמע-טרערן, ביז זי איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

און איר האָט זיך אַ חלום געוויזן. זי האָט דערזען דאָס קינד אירס אין די אָרעמס פון דעם אַלטן מאַן, איז איר גרינג געוואָרן און ליכטיק אויפן געמיט און עס האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז דער אַלטער מאַן רעדט אויך צו איר און זאָגט צו איר:

— „אַ סימן האָסטו, אַז ווען דו וועסט אַ קוק טאָן צו מאָרגנס אין שפּיגל, וועסטו זען, אַז דיין פּנים איז צאַרט און איז ווי ביי אַלע מענטשן".

די מוטער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון איר שלאָף און רואיק און גלייביק איז געוואָרן איר געמיט.

אָבער קיין שפּיגל אין האַנט אריין האָט זי ניט גענומען. זי האָט פאַר אַ שפּיגל זיך געשראָקן און אַזוי ווי איינער וויל ניט איינגעמען סם אַזוי האָט זי קיין מאָל אין לעבן ניט געוואָלט זיך שטעלן פאַר אַ שפּיגל. און קיין שפּיגל איז אין איר קאַמערל ניט געווען. און זי האָט מורא געהאַט צו בעטן, מען זאָל איר אַרויפברענגען אַ שפּיגל.

ווען זי האָט יענעם טאָג דערהערט טריט פון דער וואָס איז

געקומען איר ברענגען שפּייז, האָט זי ווי איר שטייגער איז געווען פאַרדעקט דאָס פּנים מיט איר שלייער.

***

די זעלביקע נאַכט האָט זיך געוואָרפן אויף זיין געלעגער דער פאָטער פון דעם יינגל. דער שלאָף, וואָס וואָלט אים גע־בראַכט רו נאָך אַ טאָג, פול מיט חרטה, פאַר וואָס ער האָט זיין איינציק קינד געלאָזט אַליין ציען אין אַ וויטן און געפערלעכן וועג — דער שלאָף איז ניט געקומען צו זיינע אויגן.

האָט ער זיך געוואָרפן אויף זיין געלעגער מיט אומרואיקייט און מיט וויטאָג און מיט פּיין, ווייל ער האָט געטראַכט, אַז ער איז געווען אַ מערדער צו זיין קינד. פריער האָט ער עס ניט געוואָלט אַנזען און איז אַוועק, ניט ווייסנדיק אפילו, צי עס וועט געבוירן ווערן. און איצט, ווען זיין זון האָט אים געפונען נאָך אַזאַ שווערן וועג, האָט ער ווידער אים פאַרלאָרן, ווייל ער האָט אים פאַרשטויסן פון זיך.

אַ גאַנצע נאַכט איז דער שלאָף ניט געקומען. און ווען דער פאָטער איז אַ ביסל אַנטדרעמלט געוואָרן, האָט ער געזען זיין קינד אַליין אין אַ ווילדן וואַלד, צעשראָקן פון אַ געוויטער, דורכ־גענעצט פון רעגן, אַ האַלב־פאַרפרוירענעם און פון הונגער אַ האַלב־געשטאָרבענעם.

איז דער פאָטער אין הוילע אַנגסטן אויפגעשפּרונגען אויף זיינע פיס אין מיטן נאַכט. ער האָט גלייך געהייסן גרייטן זיך אין וועג אריין, וואָרעם ער האָט פאַרטראַכט זיך אומצוקערן צו דער ווייב פון זיין יוגנט און צו דער מוטער פון זיין איין־איינציקן קינד.

אויף מאָרגן האָט ער זיין אַלטן פאָטער דערציילט דעם אמת, פאַר וואָס און וואוהין ער קלייבט זיך אַוועקצופאָרן. האָט דער אַלטער ריכטער אים געגעבן זיין ברכה און האָט זיך האַרציק געזעגנט מיט אים.

נאָך יענער נאַכט האָט דער יינגל אויך ניט ווינציק געליטן. ער האָט געהונגערט און געפרוירן, זיינע פיס זיינען געווען צע־שטאָכן און די ביינער האָבן אים געווייטאָגט. אָבער ער איז געגאַנגען רק נענטער צו זיין היימשטאָט און צו זיין מוטער און פול מיט מוט און פרייד איז ער געווען.

ער איז אַזוי געגאַנגען ביז ער איז אָנגעקומען אין זיין היימ־שטאָט. אַ קיילעכדיקן יאָר האָט ער געוואַנדערט. די לעצטע נאַכט האָט ער ניט געוואָלט זיך פאַררוען, ווייל גרויס איז געווען זיין בענקשאפט צו זיין מוטער. דערום איז ער געגאַנגען די גאנצע נאַכט און מיטן פרימאָרגן איז ער אריין אין טויער פון שטאָט.

עס איז געווען באַגינען. די גאַסן זיינען נאָך געווען ליידיק. האָט קיינער אים ניט אָפּגעשטעלט און קיין זאַך ניט געפרעגט. איז ער געקומען צו דער שטוב פון די וואָס ער האָט זיי אַמאָל געהאַלטן פאַר זיין פאָטער און מוטער. ער איז אָבער ניט אריין צו זיי.

ער איז גלייך ארויף צום דאַכקאַמערל. זיין מוטער איז נאָך ניט געווען אויפגעשטאַנען. איר פנים איז נאָך ניט געווען באַדעקט. דער יינגל איז צוגעפאַלן צו זיין מוטער, האָט זי גע־קושט און געהאַלדזט און זיך געטוליעט צו איר.

און די מוטער האָט איר קינד אריינגענומען אין אירע וואַ־רעמע מאַמישע אָרעמס און געדריקט און געפרעסט עס צום האַרצן. און ביידנס פרייד איז געווען אַזוי גרויס, אַז קיין מענטש קען עס ניט אויסדערציילן.

ווען זיי האָבן מיט טרערן און מיט ווערטער פון פרייד אויסגעלאָדן זייער האַרץ, האָט דער יינגל דערציילט, ווי ער האָט דעם פאָטער געפונען, אָבער דער פאָטער האָט ניט געוואָלט צוריקקומען, ווייל — — — — —

דער יינגל האָט פלוצלונג זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעשריען:




מאַמינקע, האַרציקע מיינע! דו ביסט אַזוי שיין!

— „מאַמינקע, האַרצינקע מיינע! דו ביסט אַזוי שיין, דיין פּנים איז לויטער און קלאָר און צאַרט! איך לויף אַרונטער נאָך אַ שפּיגל און דו וועסט אַליין זען, אַז אמת ריידן מיינע ליפּן!"

די מוטער איז געבליבן אַ פּאַרציטערטע. זי האָט אָבער ניט באַוויזן אָפּצוהאַלטן איר קינד. געשווינד איז ער אַראָפּ און איז באַלד אַרויף מיט אַ שפּיגל אין האַנט.

די מוטער האָט זיך געבעטן ביים זון:

— „מיין קינד, בלוט פון מיין האַרצן, נעם צו דעם שפּיגל, וואָרעם איך האָב קיין מאָל אין לעבן אין קיין שפּיגל ניט אַריינגעקוקט, כדי ניט צו זען מיין אומגליק. אַצינד, אין דעם גליקלעכסטן טאָג פון מיין לעבן, אין דעם טאָג ווען איך האָב צוריק געזען מיין קינד וואָס איך האָב אים שוין באַוויינט אין לאַנגע נעכט אָן שלאָף, אַצינד וויל איך געווים ניט באַטריבן מיין האַרץ. דערום נעם צו דעם שפּיגל וואָס איז פאַר מיר אַזוי ווי סם".

דער יינגל איז אָבער ניט אָפּגעשטאַנען און ער האָט אַזוי לאַנג זיך געבעטן ביי זיין מוטער און געקושט איר דאָס פּנים, ביז זי האָט איינגעוויליקט און מיט אַ ציטער אַריינגעקוקט אין שפּיגל. און זע —

איר פּנים איז לויטער און קלאָר און פול מיט חן. עס איז ווייס ווי מילך און רויזנפאַרביק.

— „מיין קינד! וואָס האָסטו געטאָן מיט מיר?" האָט די מוטער שטילערהייט אַרויסגערעדט.

— „ניט איך, מוטער, נאָר דו, דיין מאַמיש האַרץ, דיינע טרערן פון ליבשאַפט, פון שרעק און פון בענקעניש — זיי האָבן אַזוי לאַנג געוואַשן דיין פּנים, ביז עס איז געוואָרן ליכטיק ווי די זון".

דערווייל זיינען אַרויף צום דאַכקאַמערל דער אַלטער רבי און זיין ווייב, ווייל זיי האָבן געהערט דאָס לויפן פון דעם יינגל און אַ גערודער אויבן. די אַלטע לייט האָבן זיך געפרייט מיט

זייער צוריקגעקומענעם אייניקל און נאָך מער מיט דעם, וואָס זייער טאָכטער איז געזונט געוואָרן, וואָס איר פּנים איז איצט ווי ביי אַלע מענטשן, נייערט נאָך שענער און לויטערער.

די אַלטע האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ נס, פאַר אַ וואונדער, ווייל זיי זיינען שוין געווען צו אַלט צו פאַרשטיין, אויף ווי פיל ליבשאַפט און בענקעניש קענען איבערמאַכן אַ מענטשן.

איצט האָט דער יינגל געוואָלט, די מוטער זאָל ציען צוזאַמען מיט אים צו דער שטאָט פון זיין פאָטער און פון איר מאַן. די מוטער האָט עס ניט געוואָלט. זי איז געווען גרייט צו פאַרגעבן איר מאַן, פאַר וואָס ער האָט זי אַוועקגעוואָרפן, אָבער ניט פאַר וואָס ער האָט געלאָזן אַליין איר קינד אויף דעם געפערלעכן וועג אויף צוריק.

דער יינגל האָט אַזוי לאַנג געבעטן ביי זיין מוטער, ביז זי האָט איינגעוויליקט. עס איז געבליבן אויף מאָרגן צו לאָזן זיך אין וועג אריין.

אָבער נאָך דעם זעלביקן טאָג שפּעט אין אָוונט איז דער פאָטער אָנגעקומען אין שטאָט. זיין וועג איז אים געגאַנגען גרינג און ער האָט באוויזן צו קומען אין שטאָט אריין דעם זעלביקן טאָג וואָס זיין זון. בלויז דער זון איז געקומען באַגינען און דער פאָטער שפּעט אין אָוונט.

ווען ער איז אָנגעקומען צו דער שטוב פון זיין רבין, וואָס איז זיין שווער געווען, האָט אים ווידער אַמאָל געפּייניקט דאָס אויסזען פון זיין ווייב. ער האָט אָבער געוואָלט פאַרריכטן וואָס ער האָט שלעכט געטאָן צו זיין ווייב און צו זיין קינד, און ער איז אריין אין דער שטוב, וואָס ער האָט זי פאַרלאָזן אין געהיים.

ער איז ארויף די טרעפּ צום דאַכקאַמערל און געעפנט די טיר. ער האָט אָבער געהאַלטן דעם קאָפּ געבויגן צו דער ערד אוים מורא צו זען דאָס פּנים פון זיין ווייב.

זיין זון איז אין גרוים פרייד אים געלאָפן אַנטקעגן, ער האָט

געקושט און געהאַלדזט זיין פאָטער, אים אַנגענומען פאַר דער האַנט און געפירט צו זיין מוטער. דער פאָטער איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ.

— „מיין פאָטער, הייב אויף דיינע אויגן און זע מיין מוטער, וואָס איר פּנים איז ליכטיק ווי דער טאָג".

האָט דער פאָטער מיט אַ ציטער אויפגעהויבן זיינע אויגן און זע —

זיין ווייבס פּנים איז וויים ווי מילך און רויזנפאַרביק.

תּרטה און ליבשאַפט האָבן אים דורכגענומען. ער איז גע־פאַלן צו זיין ווייבס פיס. זיין זון האָט אים אויפגעשטעלט, און דער יינגל האָט געמאַכט פאָטער און מוטער זיך אַרומנעמען.

זיי זיינען אַלע געקומען אין דער שטאָט פון דעם אַלטן ריכטער, דער פאָטער, די מוטער, דער יינגל, ווי אויך זיין זיידע און באָבע.

אַ סך יאָרן זיינען שוין פאַרביי. און ווייסט איר, ווער עס איז איצט דער ריכטער אין יענער שטאָט? — דער שלמה, דער אייניקל פון דעם אַלטן ריכטער.